דאָס ביכל איז אַ מצבה אויף אַ קבר

## אַ פּ אָ ל אָ ג י אַ .

אין אונדזערע צייטן, וואולקאַנישע פאַר דער וועלט און וואולקאַנישע פאַר אידן, וועט מען אפשר קוועטשן מיט די פּלייצעס אויף מיין אַרויסקומען גראָד איצט מיט אָט דעם־אָ ביכל. אָבער —

דער צאָרן פון גאָט וואָס טראָגט זיך איבער אונדזערע קעפּ וועט זיך איינשטילן. אַ סך בוימער וועלן אַרויסגעריסן ווערן מיט די וואָרצלען, נאָר דער וואַלד — בין איך בטוח — וועט בלייבן שטיין. מ׳וועט דאַרפן לעבן ווייטער — און ציען יניקה פון די אַלטע, די אייביקע, קוואַלן.

אַלטער ווײַן אין נײַע פֿעסער.
נײַער ווײַן אין אַלטע פֿעסער.
בײדע אַלט און בײדע נײַ —
ווײַן און פֿעסער.

## א.—מודה אני.

איך גיי דורכן וואלד. אין זיין קאלטלעכן שוים
ווי גרוים איז די שטילקייט, ווי טיף איז דאָס שווייגן.
נאָר גייסטער דאָרט שושקען זיך צווישן די צווייגן,
און קוקן מיר נאָך, און פארלויפן פאָרוים.

איך גיי דורכן וואלד, און טל זאָגן שטום
דער דעמב און די סאָסנע, די קוסטעס און בלומען.
מיר דוכט זיך, כ'וועל קיינמאָל אינערגעץ נישט קומען,
און אייביק וועט ציען דער וואלד זיך אָרום.

אַ שטיקעלע הימל די גרוים ווי מיין הארץ
בלויט זיך פון צווישן די גרינע געוועבן,
און אונטן די שאָטנס זיך מינען און לעבן,
און לויפן די גאַמע גרינגאָלדן ביז שווארץ.

אַ שטראַל האָט פארקוקט — און געשווינד זיך פארשטעלט ;
עס שימערט נאָר פרידלעך דאָס הארץ וואָס איז הימל.

דאָרט אָן אַ זייט האָט — דערשראָקן אין דרימל —
אַ פויגל אַ פּיפּס געטאָן, נאָכדעם פאַרטראַכטלעך
אַ ווײַלע געשוויגן, אַ ווײַלע געטרעלט.

איך גיי דורכן וואַלד, און עס היטן מײַן טראָט
דער שאָרך פון די גראָזן, דער טוי פון פרימאָרגן.
פאַר שיצן פון לײַדן, פאַר שירמען פון זאָרגען,
אַ דאַנק און אַ לויב דיר, אָה, גנאָדפולער גאָט!

אַ דאַנק דיר פאַר געבן צוריק מײַן פּיקדון,
מײַן גוף און מײַן אָטעם, אָן פּגימה, אָן שאָדן,
פאַר היטן אין חושך מײַן אָרעם געצעלט.
דערפאַר וועל דײַן נאָמען איך לויבן און בענטשן.
פריִיד צו אײַך, בוימער, און פייגל, און מענטשן.
פריִיד צו דיר, וועלט! —

פון קרבן מנחה

## ב.—צו דרייצן יאָר.

צו דרייצן יאָר ווערט אַ אינגל בר־מצוה,
אַ מיידל — ווערט אַ פרוי.

ס׳איז מיר אומרואיק. ס׳איז מיר שלעכט.
און איך קאָן קיינעם ניט זאָגן —
מ׳עט מיך פון הויז אַרויסיאָגן!
און מיט רעכט.

אַזעלכע חלומות!

מיר דאַכט זיך — איך פלי!
איך פלי פון דער ערד אויף די דעכער.
איך גיב זיך אַ שוואונג — און פלי נאָך העכער.
און לאַנדע צוריק אויפן גראָז, אויף די קני.

די קני?..

מיר דאַכט זיך — איך בין אין דער פרעמד,
מיר דאַכט זיך — איך בין צווישן מענטשן.
זיי ריידן, זיי שפּאַסן, זיי לאַכן,
זיי טוען פאַרשיידענע זאַכן,
און קוקן אויף מיר זיך ניט אום.
נאָר איך — בין אין בלויזן העמד!
איך מי זיך די קני צו פאַרדעקן,
נאָר דאָס העמד האָט — פאַרדעכטיקע פלעקן . . .

די מאַמע —

זי קוקט מיר נאָך די לעצטע טעג,
זי קוקט מיר נאָך די לעצטע וואָכן.
און דער בליק אין אירע אויגן —
אי שאַרף, אי מילד, און שמייכלענדיק אַזוי.
און עס איז צווישן אונדז
ווי אַן אָנגעשטייפטער בויגן.

און איך בין קראַנק, און איך בין קראַנק,
און איך שעם זיך אויסצוזאָגן.

ביז איך קאָן מער ניט פאַרטראָגן
וואָס עס פּלאָגט מיך אַזוי לאַנג,
און איך זאָג: „מאַמע! כ׳בין קראַ־אַנק!״

זי האָט מיר געגעבן אַ פּעטשל אַזוינס,
אַ פּעטשל אַזוי ווי אַ קוש,
און געזאָגט צו מיר אַזוי בלשון אידיש:
„ניטשרעק זיך, קינד! ס׳וועט זיין אַזוי
פון היינטמאָל אָן שוין יעדן חודש!״
און האָט אַרויסגעדאַוונט פרום
אָן איינציק וואָרט אויף לשון קודש:
„שהחיינו״.

## ג. — אחותי כלה.

מיין חתן האָט צו מיר געזאָגט:

„דו ווייסט? איך בין אַ שעמעוודיקער.
אַנומלט איז אַ טויב אַרויסגעפלויגן
פון שכנ׳ס טויבשלאַק
און, פליענדיק פאַרביי, מיך שיר ניט אָנגערירט
מיט אַ שפּיץ פון פליגל — שיר,
און ס׳האָט מיין האַרץ א ז ו י געצויגן . . .

אָך, ניין — נישט דאָס האָב איך געמיינט
צו זאָגן דיר!

פאַרוואָס איז וויים אַזוי דיין האַנט,
און ווייך, און פינגערלעך — ווי בײַ אַ קינד,
און מיינע, זע — פאַר מיינע זינד —

איז ברוין און האַרט ווי דאָס געוואַנט
פון אַ זעלנערשן שינעל?

פון קרבן מנחה

אָה, איך בין כיטרע! און דערום
קוק איך קיינמאָל ניט אין שפּיגל.
דו הערסט? . . די טויב מיט אירע פליגל
ז׳מיך פאַרבייגעפלויגן — קרום,
און האָט פאַרפעלט . . .

און אַז דאָס לעפּל פון דיין אויערל קוקט־פאַר,
צאַרט און רויזנרויט ווי אַ בלעטל פון אַ בלום,
פון אונטער דיינע שווערע פלאַקסנהאָר,
שלאָגט דאָס האַרץ זיך ווילד אָן מיינע ריפּן.
אַך, כלה! כ׳בין אַ ש ע מ ע ו ו ד י ק ע ר!" —

און איז געבליבן שטום,
מיט גרויסע אויגן און ציטערדיקע ליפּן.

## ד. — והיו לבשר אחד.

מה יפית ומה נעמת אהבה בתענוגים.

אהבה גליט, אהבה פלאַמט,
אהבה ווערט פון בושה רויט
און בלייך פון תאווה ווי דער טויט —
מה יפית ומה נעמת.

ווי צאַרט איז הויט, ווי ליב איז לייב!
דו ביזט מאַן און איך בין ווייב.
איך האָב געהערט דיין וויטן רוף:
פלג צו פלג און גוף צו גוף!

לעגענדע שפינט:
אַמאָל־אַמאָל
איז מאַנונווייב געווען איינס;
געווען אָדם; האָמאָ; מענטש —
און האָט באַפרוכטפערט זיך אַליין.

נאָר אַ גאָט אַ גרויסער שטיפער
האָט געשיידט דאָס שיף פון שיפער,

פון קרבן מנחה

האָט געשפּאָלטן ריפּ פון לייב
און געפורעמט מאַן און ווייב —
און צעוואָרפן איבער וועלט.

פון דאַן־אָן, אין בלינדן וואַנדער,
העלפט זוכט העלפט און פּאָר זוכט פּאָר,
און ס'בלאָנדזשען ביידע מיטאַנאַנדער
פון מין דעם שיינעם ווי דעם שטאַרקן,
פאַרווירט און שיכור נישט פון וויין,
און וויסן קיינמאָל ניט אויף קלאָר:
ביזט ד ו דאָס ער? .. בין א י ך דאָס זי? ..

וויס, אישה, דו שטייסט בּאַ די געמאַרקן
פון זיין און פון נישטזיין! —

אָה, הויט איז זייד און לייב איז זיס!
מה נעמת — ומה יפית. —

## ה.—מבשרי אחזה אלוה.

א שטיקל פלייש ליגט בא מיין ברוסט
מיט מיילכל, פינגער, אויגן.
קינד פון ליבע, קינד פון לוסט,
פון וואנ׳ן האסטו געצויגן?

האט דער שטארך דאס דיך געבראכט?
צי דער ווינט אויף זיינע פליגל
האט געטראגן דיך דורך נאכט
אריבער טאל און היגל?

זאג מיר, קינד, פון וואנען ציט
דיין מילך-און-רויזן-חומר?
דו ביזט פון בוים דער יונגער צווייט,
און אב פון דורות בוימער.
און דיין נשמה זיכער האט
אליין ער, ירום הודו,
ארויסגעהאקט דער ליבער גאט
פון אונטער כסא כבודו.

פון קרבן מנחה

זויג, מיין קינד, מיין לעבנ'ס זאַפּט
פון ברוסט וואָס האָסט געביסן
און טראָג אים ווייטער, ווייטער.
וואוהין? צו וואָס? מיט וואָסער קראַפּט? —
איך הויב ניט אָן צו ווייסן.

## ו. — על משכבי בלילות.

אַ האָן האָט געקרייט אין דער נאַכט —
ס'עט זיך בייטן דאָס וועטער.

איך וואַרף זיך פון רוקן אויף זייט,
איך לייג זיך צופוסנס, צוקאָפּנס.
פון וואַנטזייגער קאַפּעט די צייט
אין קלעפּיקע, פּעכיקע טראָפּנס.
אַ האָן האָט געקרייט אין דער נאַכט . . .

שלאָפט ער? צי ליגט ער און וואַכט?
אַ בליק האָט אים יענע געשיקט
פון לאָזשע צו אונדז אין אָרקעסטער;
און ער האָט געמיינט, אַז דער בליק
איז אַ צוזאָג אַ פעסטער.

דער נאַר, דער אָרעמער נאַר —— — —
א י ך ק ע ן מיינע שוועסטער!

פון קרבן מנחה

זיי זיינען אזוי ראַפינירט —
זיי לעבן כמעט ווי מיט עטער:
אײַ ן טראָפּן בלוט פון אַ האַרץ,
דער גלאַנץ פון אַן אויג, דיסטילירט
פון פיבערשע נעכט און מטורפ'ע טעג —
דאָס איז שפּייז פאַר די געטער!

און איך? —

די טעג האָט דער שפּיגל מיר אָפּן
דערקלערט דעם פּאַרוואָס:
באַקן פאַרגרויט און צעצויגן,
אַ פאַרלוירענער בליק אין די אויגן,
און רויטלעך דער שפּיץ פון דער נאָז ——
און איך בין פון שפּיגל אַנטלאָפן.

עס ציט זיך די נאַכט אומדערטרעגלעך.
ער ליגט אַזוי שטיל, אומבאַוועגלעך,
עס וויילט זיך קוים אויף זיין צודעק
די שמאָלע און ליינגלעכע האַנט.

איינונצוואַנציק

די שטומקייט צווישן די בעטן
שטייט הארט, ווי אַן אייזערנע וואַנט.

אַ האָן האָט געקרייט אין דער נאַכט,
און דער קריי איז אַ נאַסער, אַ פעטער —

ס׳עט זיך בייטן דאָס וועטער.

פון קרבן מנחה

## ז. — ב ר כ ת  ה ד ר ך.

דו גייסט אַוועק?.. דו וועסט קומען צוריק.
דו יאָגסט זיך נאָך — ווי הייסט עס דאָרט — נאָך „גליק״?
זייער שיין. דו וועסט קומען צוריק.

צו מיר מעגסטו קומען אַ ן דעם פּאַנצער און בויגן,
נאָר פּאַרהיט מיר דעם גלאַנץ פון די אויגן.

דו וועסט קומען צוריק — און דיין טראַט
וועט, מעגלעך, ניט זיין שוין עלאַסטיש;
דער אינגלשער שמייכל אַוועק
פון דער ליפּ וואָס איז דין און סאַרקאַסטיש.
וועסט אַריינקומען שטום, ווי אַ מענטש
וואָס האָט צ ו פ י ל און ג אָ ר נ י ש ט צו זאָגן,
מיט אפשר אַ שטיין אין דער גאַל,
מיט אפשר אַ מכה אין מאָגן
און אונטערן יאָך פון דער צייט
די אַקסלען אַראָפּ־צו געבויגן,
און אפשר... אַ פּליך אויפן קאָפּ?.. —
נאָר פ אַ ר ה י ט מ י ר ד ע ם ג ל אַ נ ץ פ ו ן די
א ו י ג ן!

## ח. — קדיש.

אַזוי האָט דער חזן געזאָגט באַם אָפענעם קבר:
היה כלא היה — כחלום יעוף —כצל עובר.

געווען — ווי ניט געווען...
דו ביזט קיינמאָל ניט געווען?

כ׳געדיינק, ווי היינט געשען:

איך האָב דיר צום עסן דערלאַנגט
אַ שעלעכל סמעטענע,
און דו האָסט אַ וואָנצע פאַרווייסט.
ס׳איז געווען אַזוי קאָמיש,
אַז איך קאָן זיך ביז היינט
נישט האַלטן צוריק פון געלעכטער.
און דו האָסט געזאָגט — האָסט מיך פיינט,
און איך האָב געזאָגט: ביזט ניט אַזאַ שלעכטער,

און דו האָסט געענטפערט מיט —
נאָר די מעשה הויבט אָן זיך מיט לאַכן
און גייט ביז צום סוף מיט געלעכטער.

פון קרבן מנחה

און געדיינק איך נישט צומאָל
די ווייען און די באַנגען,
ווען דיין בליק איז האַרט ווי שטאָל
דורך מיין ברוסט געגאַנגען ? . .
ווען צווישן אונדז — די טויטע וואַנט
פון שווייגן, ליידן, שמאַרצן,
און דיין לעצטן מאַך פון האַנט —
אַ ריס באַ מיר אין האַרצן ? . .

דו — ביזט ניט געווען ?
מיט מיר וועסטו אייביק זיין, אייביק ;
דאָס הייסט, אַזוי לאַנג
ווי מיין בלוט אין די אָדערן וועט זינגען
אויף זיין וואונדערלעכן גאַנג.

## ט. — שלושים.

כ׳בין ערשט געווען בא דיר צו גאַסט.
ס׳איז שלושים היינט בא אונדז — דרייסיק טעג זינט.

אַנגעטון דאָס גרינע שלייפל
ס׳דו האָסט ליב געהאַט אויף מיר;
אויפן קאָפּ אַ לולב-רייפל
פון דער פּאַלמע בא מיין טיר;
אויף דער ברוסט אַ רויטע ליליע —
דו געדיינקסט? . .

פרישע ערד אַ שמאָלער הויפן,
דלת אמות גאָר און גאָר.
אויף אַ ברעטל כסדר לויפן:
נאָמען, חודש, טאָג און יאָר.

אַזוי? און דאָס איז גאָר? —

אויפן קבר ברייט מיין ליליע
ווי אַ פלאַמענדיקער רוף.
וואָס־זשע טוט מען דאָרטן אונטן
צו מיין אינגל'ס פיינעם גוף? —
אָה, מענטשנקינד, געבוירן פון דער פרוי!

## י. — דער פאַרשייטער קאַוואַליר.

אַביסל רו פאַר מיין האַרץ. —

איך זאָלט מיר געזונט זיין —
אַ שטיקל פלייש די גרוים ווי מיין האַנט
וואַרפט זיך צענדלינגער יאָר נאָכאַנאַנד
אין אַן איינגער ביינערנער שטייג!

אָה, איך נעם־אָן, איך נעם־אָן — אַקוראַט
ווי איך וואָלט אַן ערב געוועזן פאַר דער וועלט —
די היצן פון תמוז, די קעלטן פון שבט,
די רישעות פון פריינט, און מיין אייגענע שטות,
און איך דאַנק פאַר אַ שטראַל, און איך בענטש פאַר אַ גרוס,
איך גענים וואָס איך האָב, און איך גלוסט וואָס מיר פעלט.
נאָר — איר זאָלט מיר געזונט זיין! —
אַ שטיקל פלייש פון אַ פאָר צענדלינג לויט —
איר פאַרשטייט? . . — און דער מלאך פון טויט
ווינקט פאַרשייט מיט אַן אייגל צו מיר.

אָה, יאָ! ביטע שיין, קאַוואַליר!
מיט אַזאַ כוואַט —
„עני טאַים", תמוז צי שבט!

ווען די טעג זענען גרוי און די נעכט זענען שוואַרץ —
אַביסל רו פֿאַר מיין האַרץ.

## יא. — מנחה.

לאַנגזאַם ווערט דער טאָג פאַרלענדט.
ער גייט פון טאָל דער זון אַנטקעגן,
און שאָטנס היטן זיינע וועגן
און שטרעקן־נאָך ספּעקטראַלע הענט.

דער מערב גליט אין זומנער פּראַכט;
די עצבות גייט פאָרויס דער נאַכט.
עס גרייכט צו מיר
אַ דין געזאַנג פון ווייטע ספערן.
פאַרלעש דעם שמייכל, פאַרוויש די טרערן:
ס׳איז באַלד סך־הכל, באַלד פאַרגיין,
צי חשבון שטימט — צי ניין.

בייג דיין קאָפּ. מיט מידע טריט
שטייגט דער קאָפּ צו לעצטע הויכן.
און וואָס דער זין, און וואָס דער תוכן —
דאָס ווייסטו ניט. דאָס — ווייסטו ניט.

## יב. — מעריב.

אין אַ געווייסן פאַרנאַכט
האָט די זון זיך געזעצט אויפן שפּיץ פונם באַרג,
אַ גרויסע, אַ רויטע — פאַרטראַכט.

באַם פוס פונם באַרג
האָט געשריגן די שטאָט איר לעצטן געשריי —
געדונערט איינטאָניק, פון גאָרגל, ווי אַ קאַטאַראַקט.
נאָר ערגעץ אַ שמיד האָט געהאַמערט צום טאַקט,
און פון אונטער זיין האַנט
האָבן קלאַנגען, ווי אייזערנע פייגלען, געשוואונגען אַרויף
און געיאָגט זיך, אַ קלאַנג נאָך אַ קלאַנג,
אַהין וואו די זון האָט געקלאַמערט זיך באַנג
אָנם שפּיץ פונם באַרג און געבעטן זיך:
נאָך אַ מינוט! און נאָך אַ מינוט! —
און צום סוף, אין אַ לאַווע פון זודיקן בלוט,
אַרונטערגעגליטשט זיך שטום, רעזיגנירט,
אין —סדר העולם אַריין . . .
אַזוי האָט פּאַסירט
אין אַ געווייסן פאַרנאַכט.

איינונדרייסיק

## יג. — גאָט פון אברהם.

גאָט פון אברהם — און פון יצחק —
און פון יעקב דער גאָט.
באַהיט דיין פאָלק ישראל אין דיינעם לויב.
מיר זענען געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט.
מיר זענען געגליכן צו אַש און צו שטויב.
איז דאָס דיין כוונה געווען פון פאָרוים?
זיי האָבן דאָך קיינער דיין וואָרט ניט געוואָלט,
ווען דו האָסט געפּעדלט צווישן די פעלקער!
זיי האָבן מוטוויליקט און געשניצט און געמאָלט
אַנדערע געטער און אַנדערע תורות.
בלויז מיר, די פּחדנים, ווען האָסט אונדז געסטראַשעט
מיט ~~באַרג ווי אַ שיפל~~ איבער אונדזערע קעפּ,
האָבן געהויקערט ~~אונדזערע~~ רוקנס
און האָבן ~~גענומען~~ מיט „נעשה ונשמע".
און מיר וועלן אַזוי שוין, עד סוף כל הדורות,
טראָגן דעם באַרג — און טראָגן דעם האָרב.

פון קרבן מנחה